צבי טורגעל



# פון מיידאַנעק
# ביז סועץ

מיט ליבשאַפֿט, שעצונג
און מיט טיפֿע דאַנקבאַרע געפֿילן
דיר, מײַן טײַערע בתיה
אַ מתנה!

ישראל.

פּתח־תקוה 4-אַ[illegible]ר
1981.

צבי טורגעל

# פון מײַדאַנעק ביז סועץ

לידער

פאַרלאַג „ניי־לעבן"
תל־אביב, 1972

דעם אָנדענק פון מיין משפחה
דער משפחה פון מיין פרוי **חנה**
אומגעבראַכט על קידוש השם
אין ליטע.

# עשעלאָנען

עס גייען עשעלאָנען, געפּאַקטע וואַגאָנען,
טראַנספּאָרטן, טראַנספּאָרטן — און טויט איז די בריק.
וווּהין פירט דער וועג — קיין מאַידאַנעק, טרעבלינקע —
פון וואַנען קיין לעבן קומט מער ניט צוריק.

פון אויבן דער הימל, פון רויך שוין פאַרשימלט,
מיט טרערן און בלוט איז די לופט דורכגעווייקט.
קיין קלאַנג, קיין געשרייען, קיין ספּאַזמעס־געוויינען —
דעם טראָפן בטחון אויך אויסגעזייגט.

אַזוי איז אַ פאָלק אַוועק אין די פלאַמען,
אַ מאַמע מיט איר פּיצעלע קינד.
די באָבע, דער זיידע און אַלע צוזאַמען —
אַוועק, ווי אַ וואָלקן פאַרשווינדט.

נאָר גאָט האָט געזען ווי מיט בלוט זיי פאַרשרייבן
די צוואה — ווי פייער זי ברענט.
פאַר אונדזער נשמה — נקמה נעמט —
פון מערדער וואָס וועלן פאַרבלייבן.

# אין שלאָף

פאַרזונקען אין פּיין
לאָז איך אויפגיין ווי שטערן אין דער נאַכט —
זכרונות פון גיפט און גאַל,

בלויז גאָט אַליין
ווייסן קאָן מיין שווער געמיט,
בלויז ער אַליין האָט געזען,
ווי כ׳האָב די מאַמע מיינע אויף די הענט געטראָגן,
און אַ שטראָמל אַ רויטס גערונען האָט פון איר מויל.
דאָרט אין עק־גאַס
האָט אַ טויטער גוף גערוט,
אין ברוסט זיינער האָט נאָך געריכערט די קויל.

אוי, ווי זע איך שוין דעם הימל
פון פייער אָנגעגליט,

און פלאַמען פאַרשלינגען
„יונקערס", „הענקעלס", „מעסערשמידס"!
נישטאָ פאַר אייך, מערדער קיין אַנדער לשון —
אויסער קאַנאָנען!

# ניט דערוואַרט זיך

פינצטער ווי ס׳גיהנום איז די נאַכט,
זי מורמלט שטיל ווי מיט פאַרשטייפטע ליפּן.
און ערגעץ דורך אַ שפּעלטל קוקט אַ לאָמפּ פאַרטראַכט,
ווי שאָטנס שלייכן זיך משונהדיקע טיפּן.

צוויי אויסגעדאַרטע שטעקנס געהילט אין שמאַטעס,
אַן אַלט צעפּלאַטערט זעקל אין דער האַנט,
און אויפן ברוסט — די יידיש געלע־לאַטע —
דער סימן פון דעם „נידעריקן שטאַנד".

פאַרשטעלט דער ווינט זיי פון לויערנדיקן טויט,
פאַרלעשט דעם לאָמפּ, ניט פאַלן זאָלן בליקן,
פאַרהיט דעם אוצר — דאָס טרוקן שטיקל ברויט
די הונגעריקע מיילער צו דערקוויקן.

דאָרט טיף אין דר׳ערד געבויט פאַר זיך אַ היים,
בשכנות מיטן אַלטן בית־הקברות.
זיי שלאָפן אויפן האַרטן שווערן שטיין —
און צוגעדעקט זיי זיינען מיט די צרות.

פון שטומען זיינען זיי שוין לאַנג פאַרתמ׳ט,
און שוואַרץ זיי ווערט דאָס העלסטע, העלסטע ליכט.
די חושים זייערע ווי אָפגעסמט
און ווייס ווי קרייד — זייער געזיכט.

אין זייער נויט זיי זיינען נישט אַליין —
צוזאַמען איז דער גורל עטוואָס לינדער.
ווי שותפים צו דער נויט און שווערער פיין —
פאַראַן אויך פרויען, עלטערן און קינדער.

אָפּט פֿאַלט אַ שאָס, אַ מענטש אין גרויל פֿאַרשווינדט
צום בית־הקברות אויף דער אַנדער זייט.
פֿאַריתומט בלייבט אַ פֿרוי, אַ פּיצל קינד —
און גלייכגילטיק עס בלייבן ווינט און צייט.

# פאַרטרייבן די פעסט

דאָס בלוט ווערט פאַרגליוועט פון אייער געוואַי,
עס שטיקט מיך אין האַלדז אַ פאַרבאָטן געשריי —

איך אָטעם דעם טויט, לאָז קיין קלאַנג ניט פון מויל,
אַז ניט — קאָן איך ווערן פאַרוואַנדלט אין קויל.

וואָס זוכט איר דאָ ווינטן, וואָס איז אייער ציל,
צי פעלן קרבנות —די צאָל זאָל זיין פול ?

און אפשר מיר אומקערן קומט איר מיין קינד —
פאַרכאַפּט און פאַרטראָגן — אין פייער פאַרברענט ?

און אפשר גאָר קומט איר פֿאַרטרייבן די פּעסט —
פֿאַרניכטן אין פֿייער די נעסט פֿונעם שלעכטס ?

פֿאַרשווינדט שוין, איר ווינטן, דערוואַרט ניט מיין סוף —
איך בין שוין פֿאַרמשפּט און קום אָפּ די שטראָף.

ווי לאַנג כ׳וועל נאָך בלייבן ווייס גאָט נאָר אַליין —
עס גלוסט זיך ניט שטאַרבן, ס׳גלוסט זיך ניט, ניין !

עס ווילט זיך דערוואַרטן די שעה און דעם טאָג,
ווען ס׳וועלן די רוצחים באַצאָלן מיט בלוט —

פאַר בלוט פון די קינדער, פאַר מאַמעס געביין,
פאַר שאַנד און פאַר מאָרד, פאַר רויב און פאַר קלאָג!

קומט, ווינטן, העלפט אונדז פאַרטרייבן די פעסט,
ווי אַ חלום אַ בייזער, פאַרשווונדן זאָל שלעכטס.

# ווי האַלט מען דאָס אויס ?

גרוי־שוואַרצע בערג האָבן הימל פאַרדעקט,
פון שרעק — האָט די זון אַזש איר פנים פאַרשטעקט.
אַ ווינט לויפט פאַרביי מיט אַ פייף און אַ ברום.
מען הערט ניט קיין וואָרט, ווי ס'וואָלט אַלץ געווען שטום,
מען הערט ניט קיין קלאַנג, מען הערט ניט קיין שאָרך —
דער ווינטמאַכער, טומלער, איז אויך שוין אַדורך.
קיין קולות, קיין רייד — זאָל זיין כאָטש אַ קללה —
צי זענען שוין אויסגעלייזט אַלע פון גלות ?
און ווו איז דער רבי מיט זיינע דיינים,
מיטן לומדישן שטערן און קלוג־בלייכן פנים ?
קיין ניגון פון תורה, קיין רעש פון יאַרידן —
צי איז שוין דאָס שטעטל געבליבן אָן יידן ?
איך זע נישט די הענדלער, די טומלער און לויפער —
מען רופט ניט קיין קונים מציאות צו קויפן,
עס טראָגט זיך ניט חברה קונדייסים אַרום —
איז אַלץ שוין פאַרזינקען אין טיפן תהום ?
פאַרטראָגן, כ'לויף־צו צו דעם שטיבל פון שמיד —
ער ציילעמט זיך איבער — ווו קומט דאָ אַ ייד ?

ער גלאָצט מיט די אויגן און פרעגט אָן אַ וואָרט:
— צי איז ווער געקומען פון הייליקן אָרט?
אַ גויע דרייט אויס זיך און קוקט מיך אָן ווילד —
צי איז עס אַ וואָר, אָדער זעט זי אַ בילד?
דער חשבון איר שטימט ניט, געבליבן נאָך איינער —
צוויי אויגן דערשראָקן און אַ בינטל מיט ביינער...

עס שליסן זיך אויגן, עס טראָגט מיך אַוועק
צו יענע פאַרפינצטערטע גרויזאַמע טעג,
ווען בלוטיקע חיות אין מענטשן־געשטאַלט —
מיט קלעפּ — צו די גריבער אונדז טרייבן אין וואַלד.
ס'גייט־אַלץ־מיט־אַנאַנדער — די שטאָט גייט אינײנעם,
קבצנים, יחסנים, ישיבות, פּאַראיינען —
אַ דור מיט אַ דור האַלט אָן זיך פאַר הענט
און אַלץ ווערט געטריבן צום גיהנום וואָס ברענט.
די מאַמע צעשויבערט, זי פירט מיך ביים האַנט,
ווייס איז איר פנים ווי דער קאַלעך פון וואַנט,

די קליידער צעריסן, דאָס לייב קוקט אַרויס —
עס שרייען די נאַציס: „יודען פאָרויס!"
דער טאַטע פאַרשוואַרצט ווי פון קוימען אַצינד,
מיט פאָלע פון רעקל פאַרדעקט ער דאָס קינד,
דאָס האַרץ זיינס עס קלאַפּט, ווי די פויקן צום טאַקט —
עס קרעכצן די פיס אויפן שטיינערנעם טראַקט.

און דאָרט אויפן מאַרק ביי אַ קופּע פון מיסט —
פאַרקויפן זיך יידישע זאַכן אומזיסט.
מען שיכורט, מען הוליעט — מ'וועט פּטור פון ייד —
אַזוי זעט איצט אויס דאָרט דער גרויסער יאַריד.
מען זעט ניט קיין טרער, מען הערט קיין געוויין,
במקום אַ האַרץ — עס ליגט דאָרט אַ שטיין.
בלויז פון מיין שטערן עס קאַפּעט אַ שוויס —
איך קאָן שוין ניט מער — ווי האַלט מען דאָס אויס?

# קיינמאָל ניט פאַרגעסן

מיר האָט זיך מיין פאָטער געחלומט די נאַכט
געווען איז זיין פנים פאַראומערט, פאַרטראַכט;
געשטאַנען איז ער ביי אַ בוים אָנגעבויגן,
און טרערן עס האָבן געפּלייצט אים פון ד׳אויגן.

און פלוצעם זיין בליק ווערט פאַרוואַנדלט אין בליצן,
ווי שפּיזן זיי שטעכן אין האַרץ מיר אַריין,
איך קוק זיך אַרום אויף אַן אָרט זיך צו שיצן
נאָר מיין טראָט איז געליימט — איך קען מער ניט גיין.

עס שווינדלט דער קאָפּ, עס רוישט מיר אין אויער
איך גיב זיך פון אָרט ניט קיין ריר,
כ׳דערמאָן זיך די ווערטער ביים אייזערנעם טויער,
דעם טאַטנס צוואה צו מיר.

פֿאַרגעס ניט, מיין קינד, אויף קיין איין מינוט
געשאָסענע גופים און אומשולדיק בלוט,
געשענדעטע טעכטער פֿאַראורטיילט צום טויט,
און פֿון די ליבסטע געשונדן די הויט.

די טאַטעס, די מאַמעס, די שוועסטער און ברידער —
מיליאָנען פֿון פֿאָלק היינט אייך פֿעלט,
איר וועט זיי שוין קיינמאָל ניט קאָנען זען ווידער,
דער וועג צו זיי — איז פֿאַרשטעלט.

היט אָפּ אייער שטאָלץ, היט אָפּ אייער כבוד,
לאָזט רוען אין קבֿר אונדז שטיל,
און גאָט זאָל אייך היטן פֿאַר בלוטיקע שונאים —
איר זייט שוין געבליבן ניט פֿיל.

שווערן איר מוזט ביי דער הייליקער תורה,
ניט לאָזן פאַרגעסן דער וועלט,
נשמות פון מענטשן מען קויפט ניט ווי סחורה,
ס'קאָן זיי ניט פאַרבייטן קיין געלט.

דער חלום אַריבער, די ווערטער פון טאַטן —
איך וועל זיי אויף אייביק געדענקען.
דעם אויסראַט פון ליבסטן, פון יידישן פאָלק —
מיר וועלן זיי קיינמאָל ניט שענקען.

# איך ווייס ניט...

איך ווייס ניט ווער ס'האָט מיך געבוירן,
כ'וויל זען כאָטש אין טרוים איר געשטאַלט,
און אפשר האָט דער טאַטע מיך פאַרלוירן? —
ווען געלאָפן מיר זיינען אין וואַלד.

צי האָט מיך אַ מאַמע געזויגן,
ווייס איך ניט ווען און ווו.
כ'ווייס אויך ניט ווער מיך האָט דערצויגן —
פון טראַכטן איך בין שוין גאַנץ גראָ.

איך קען ניט קיין מאַמעס קיין שמייכל,
סהאָט מיך קיינער אין חדר געפירט.
געפּאַשעט די קי כ'האָב ביים טייכל,
ניט געוווּסט וואָס מיט מיר האָט פּאַסירט.

און היינט ווען כ'בין גרויס שוין געוואָרן,
איך ווייס נאָך ניט אַלץ ווער איך בין —
אַוועק זיינען יאָרן מיט יאָרן
אין עלנט, איינזאַם, אָן זין.

ס'לאָזט מיך דער חלום ניט שלאָפן,
מיט טרויער איז זאַט אויך מיין טרוים,
נאָר פלוצעם דערזע איך מיין טאַטן —
דערוואַרטנדיק מיך ביי אַ בוים.

כ'וויל רופן אים, עפּעס אים זאָגן,
נאָר ער מיר פאַרשווינדט ווי אַ גייסט.
פאַל איך אַנידער דערשלאָגן —
און קען ניט געפינען קיין טרייסט.

# פאָנאַרער וואַלד

בוימער און גריבער — גריבער און בוימער,
ניטאָ דאָרט קיין דענקמאָל, ניטאָ דאָרט קיין שומר.
עס קומען אָפט מענטשן און זוכן דאָרט וועמען,
ניטאָ קיין מצבות, מען זעט ניט קיין נעמען.

די בוימער זיי שטייען פאַראומערט און קלאָגן,
אין טאָג פון דער יאָרצייט — קדיש זיי זאָגן.
די בלעטער פאַרדעקן פון רעגנס און קעלטן
די קברים — אַז בלייבן זיי זאָלן פאַרשטעלטע.

דער וואַלד אין פאָנאַר פאַרהילט איז אין טרויער,
עס טרעפט — און ס׳פאָרט דאָרט פאַרביי ווען אַ פויער —
פון שרעק און פון שאַנדע ער פאָרט שנעל אַריבער,
דאָרט ליגן ניט זיינע פאַרשאָטענע ברידער.

יידן מיט בערד ליגן דאָרטן און רוען,
באַשאַנקען מיט חכמה פון אַלט־ווילנער גאון.
טרויעריקע קינדער און גיבורישע ברידער
טייערע מאַמעס פאַרשאָטן אין גריבער.

דער גייסט פון די ליבסטע איז אונדז נאָר פאַרבליבן!
מיט בלוטיקע ווערטער אין האַרצן פאַרשריבן:
כל־זמן ס'וועט נאָך קלאַפּן דער אָדער פון לעבן —
אייביק געדענקען און קיין מאָל פאַרגעבן!

# אַ  יאָרצייט

די יאָרצייט געבראַכט מיך האָט צוריק קיין מאַידאַנעק,
דאָרט פינצטערט און גליווערט אַ נאַכט —
אַן אייביקע נאַכט ווי פון חושך געהאַמערט —
קיין ציטער, קיין שאָרך ניט, קיין קראַך.

אפילו דער פויגל, וואָס קומט זיך דאָרט נעסטן,
רייסט איבער זיין פלי און פאַרשווינדט.
דער הימל פאַרוויסט איז — דו קוקסט און דו זעסט ניט —
אַ חושך וואָס האָט ניט קיין גרונט.

איך איינער נאָר וואָגל אַרום מיט מיין שאָטן
און שפּאַן אין דעם נאַכטיקן גרויל.
קאָלט איז דאָס אַש שוין — דאָס אַש פון נשרפים —
אַ ריח פון בראַנד און פון גרויל.

אין דאָזיקן חושך, אָן רייד און געזיפצן,
דערשפּיר איך ווי עפּעס מיך בריט.
כ'פאַרנעם די געשרייען און קרעכצן און שלוכצן —
זיי שניידן זיך איין אין מיין בלוט.

בילדער פון אומקום, געשעפּטשן פון ווידוי'ס,
פּנימער בלאַסער פון קרייד.
אַ תקופה אַ גאַנצע אַריין אין מיין ליד איז —
דער בראַנד און דער גרויל פון דער צייט.

איך שלעפּ זיך אַרום צווישן גלאָוועניעס און שאָטנס
און וואַרט אויפן ליכט פון באַגין.
איך שפּיר ווי עס רייסט זיך מיין האַרץ צום אַנטלויפן,
נאָר ווייסט ניט אַליין וואַהין...

# אַ תּפילה

גיב גאָט אונדז דעם כוח די וואַנט צו צעברעכן,
באַשטראַלן זאָל זון אונדז די ווונדן פון הײַנט.
מיר ווילן נאָר שלום, מיר שטרעקן די הענט אויס
צו שכנים — מיר ווילן זײַ האָבן ווי פרײַנד.

ווי קאָן מען פאַרבײַטן דעם ריח פון בליונג,
די מונטערע טענער פון פרײדיק געזאַנג —
אויף באָמבעס און שריפות וואָס טליען און טליען
און ברענגען דעם מענטש נאָר אומגליק און שאַנד.

עס שמאַרצט נאָך אין האַרצן די ווונד פון דעם נעכטן,
און פײַנלעך עס זײַנען די צרות פון הײַנט.
ער בליצט אַלץ און בליצט אין די הענט פונעם פײַנט.
דער בלוטיקער מעסער — גרייט ווידער צום שעכטן,

פאַראומערט מען שטייט און מען וואַרט אויפן מאָרגן,
די ליפּן זיי מורמלען אַ שטילן געבעט:
ווי וואַסער צערינען עס זאָלן די זאָרגן —
לעשט איין דאָס פייער כל־זמן ס׳איז ניט שפּעט.

גיב גאָט אונדז דעם כוח די וואַנט צו צעברעכן,
באַשטראַלן זאָל זון אונדז די ווונדן פון היינט.
מיר ווילן נאָר שלום, מיר שטרעקן די הענט אויס
צו שכנים — מיר ווילן זיי האָבן ווי פריינד!

# צו מיין קומען אין לאַנד אַריין

פון דורות לאַנג ביסטו געברענט אין פייער,
אין טרערן אויסגעווייקט, פאַרשמירט אין בלוט.
דיין ערד די הייליקע אין יעדן ייד טייער —
זי ברענגט אים כבוד און פאַרשטאַרקט זיין מוט.

דער גלות האָט פאַרשלונגען פיל מיליאָנען,
די טייערסטע זיינען מיטן רויך אַוועק,
די טרייסט די איינציקע וואָס מיר געפינען —
ביסטו, מיין לאַנד, וו ס׳דראָט אונדז ניט קיין שרעק.

און היינט, ווען ס׳האָט מיין פוס דיין ברעג באַטראָטן,
נאָך יאָרן בענקשאַפט, וואָגלעניש און פיין,
האָט מיך דיין זון מיט קושן אָפּגעשאָטן —
דערפילט האָב איך אַז דאָס לאַנד איז מיין.

איך האָב געפילט אַז ס'ריידן מיינע אויגן
צו דיין פּאָן, וואָס פלאַטערט אויפן ווינט.
ווי אַ מאַגנעט — זי האָט מיך געצויגן,
ווי אַ מאַמע דריקט און קושט איר קינד.

# מיין חלום אין גלות

איך אָטעם שטיל מיט די גראָזן
אויפן וואַסער־ברעג,
ווי ס'וואָלט מיך קיינער ניט גערודפט —
אין טונקל כמורנע טעג.

כ'קוק דעם פחד אין די אויגן
און ס'שרעקט מיך ניט קיין שרעק.
כ'צייל חדשים, טעג און שעהן —
אויף מיין שווערן וועג.

עס שרעקט מיך ניט קיין בייזער שטורעם,
איך ציטער ניט אין ווינט.
מיין טרוים צעטרייבט דעם גרויען וואָלקן —
ביז לאַנגזאַם ער פאַרשווינדט.

אין שעה פון בענקען איז מיר ליכטיק —
איך זע דיך אין דיין שיין.
ירושלים, ירושלים,
דו לעבסט אין האַרצן מיין.

כ׳בין פאַרכישופט פון דעם חלום,
באַצויבערט פון געדאַנק,
אַז איך שטיי איצט ביי דער כותל
אין אַ תפילהדיק געזאַנג

# װאַרטן...

און אָפּט עס רײַסט זיך דורך אַ שטראַל,
אין מײַן שװער געפּרוּװט געמיט.
שטילער װערט דער טרערן־קװאַל,
װאָס האָט נעכטן נאָך געזידט.

לײַכטער װערן די יסורים
אין דער רו פֿון שטילע טעג.
נאָר דער גורל — אױ, דער גורל —
שטעלט אַװעק זיך אױף מײַן װעג.

װאַרטן דאַרף מען, װאַרטן, װאַרטן —
און דערװאַרטן נײַע טעג.
און דער גורל — אים עס אַרט־דען? —
לײגט ער שטײנער אױפֿן װעג.

שלעפֿן פֿעכיק זיך די יאָרן
און איך שטיי נאָר אַלץ און וואַרט.
די האָר פֿון קאָפּ שוין גראָ געוואָרן,
דער מוח — אויסגעדאַרט.

אַזוי מען וואַרט אַ גאַנצן לעבן,
די צייט זי קומט ניט ווען מען וויל.
אפשר וועט די צוקונפֿט געבן,
דעם נייעם דור ניט וואַרטן פֿיל?

# ש ט י י נ ע ר

שטיינער אויף שטיינער פון טויזנטער יאָרן,
איין שטיין דעם צווייטן פאַרשטעלט.
איין ריזיקער פעלדז איז פון זיי הײַנט געוואָרן,
וואָס גלאַנצט מיט זיין ליכט אין דער וועלט.

אַ כוח פון כישוף עס שטעקט אין דעם שטיין,
ער פאַרוואַנדלט דעם מדבר אין פראַכט.
ריזיקע הייזער אויף זאַמד און אויף ליים —
און פעלדער און גערטנער אַ סך.

פאַרבליבן נאָך ברידער געגוג אין דער פרעמד,
וואָס לעכצן צום פעלדז הײַנט צו קומען.
פאַר זיי זיינען טויערן ליידער פאַרקלעמט —
דער וועג צו דעם גליק איז פאַרנומען.

דער רוף צו פֿאַרוואָגלטע ערגעץ גאָר ווייט,
קלינגט מונטער פֿון האַרצן אַרויס.
איצט איז די בעסטע, די פֿאַסיקסטע צייט
צו קומען אין אייגענעם הויז.

# צו אַ רוסישן יידן

קיין יידיש בוך, קיין יידיש וואָרט —
ס'איז אַלץ פאַר דיר פאַרבאָטן.
דו גייסט אַרום פון אָרט צו אָרט —
עס גייט דיר נאָך אַ שאָטן.

און אָפטמאָל בלייבנדיק אַליין,
נעמסט חלומען און בענקען,
ווי גוט ס'איז דעם וואָס מיט אַ היים —
אַן אייג'נער ר'איז באַשאָנקען.

און פלוצעם ווי די בענקשאַפט וואָלט
אַהער דיך דאָ פאַרטראָגן,
גלייבסט אַליין ניט וואָס דו זעסט —
און אַלץ וואָס מיר פאַרמאָגן...

ברייטע פעלדער, ברייטע לאַנען,
פריילעכע געמיטער.
יונגע מיידלעך און בחורים —
הייס געזאַנג פון שניטער.

די פאַרגעסט אין אַלע זאָרגן,
עס ווערט דיר אַזוי גוט,
ווייל עס וואַרט אויף דיר אַ מאָרגן —
פול מיט גליק און מוט.

# זייט געשטאַרקט!

דאָס האַרץ איז פאַרפולט מיט דער פרייד פון נצחון,
פאַרשלאָסן, פאַרשלאָסן דאָס מויל!
עס ריידן נאָר אויגן מיט פולן בטחון —
בטחון אין פאָלק פון ישראל.

עס שרעקט זיי ניט אָפּ דער שאַרף פונעם מעסער,
מיט צרות זיי זיינען געוווינט.
די ליבשאַפט צום לאַנד ווערט וואָס אַמאָל גרעסער —
דער אמת וועט ברעכן די וואַנט.

געקעמפט אין מלחמות — דעם שלום געשמידט,
מיט אַלעמען גלייך אין איין ריי.
דעם זיג פון ישראל, דעם זיג פונעם ייד —
פאַרגינען מען קען עס ניט זיי.

צי קומט דען אַ שטראָף פֿאַר אַ ליבע אַ הייסער —
די ליבע צום אייגענעם לאַנד ?
דער פֿאָדעם פֿון ליבשאַפֿט פֿון אייזן געשוועסט־איז —
אים קען ניט צערייסן קיין האַנט.

מיר שטייען ווי וועכטער ביי אָפֿענע טירן,
מיר שטייען און היטן פֿון ווייט.
מיט זיי זאָל חלילה קיין בייז ניט פּאַסירן —
דער שלום וועט בייטן די צייט.

# לאָזט מיך גיין

לאָזט מיך גיין! לאָזט מיך גיין!
ווען ברידער שטרעקן אויס די האַנט,
איך האָב אַ לאַנד, איך האָב אַן אָרט,
עס לעבן מיינע נאָענטסטע דאָרט.
לאָזט מיך גיין, לאָזט מיך גיין!
כ׳וויל מער ניט לעבן אין דער פרעמד
לאָזט מיך גיין, לאָזט מיך גיין —
אפילו אין איין העמד.
איך האָב געוואַנדערט יאָרן־לאַנג
פון אָרט צו אָרט פון לאַנד צו לאַנד,
ניט איין מאָל אויסגעשטרעקט די האַנט —
געבעטן ס׳שטיקל ברויט.
און אָפט געשלאָפן ביי אַ וואַנט,
געווונטשן זיך דעם טויט.
לאָזט מיך גיין, לאָזט מיך גיין!
ס׳איז די העכסטע צייט.
לאָזט מיך גיין, לאָזט מיך גיין!
גענוג געווען צעשיידט.

# איך וויל אַ היים

איך וויל אַ היים, אוי, אַ היים —
דערשווימען צו אַ ברעג,
מעג זיין די היים אַ שטוב פון ליים —
כ׳וועל דורכשניידן דעם וועג.

מעג מען יאָגן מיינע טריט,
די הויט מיינע צערייסן,
און די טיר — פון שטאָל געשמידט —
מיט ציין כ׳וועל זי צעבייסן.

מעגן דערנער אויף מיין וועג —
צעפליקן מיינע גלידער.
ווייט דער וועג — אוי, דער וועג —
צו אייך מיינע ברידער.

**איך הער דעם רוף, אייער רוף —**
די בענקשאַפט צווישןביידן.
כ'וועל פאַרפלעכטן זיך מיט אייך
און קיין מאָל מער ניט שיידן.

כ'וועל אייך זיין אַ קילע שיין,
ווי אין דער נאַכט אַ שטערן.
פאַר מיר וועט איר אַ מאַמע זיין —
אין לעבן אינעם שווערן.

# פון אַ בריוו צו אַ חבר

וואָס טוט דיר וויי, רייד אויס אַ וואָרט,
דערצייל, דערצייל מיר אַלעס;
ביז וועסט קומען אויפן אָרט —
דו מוזט נאָך ליידן גלות.

כ׳פאַרשטיי דיך גוט און כ׳פיל דיר מיט,
ס׳איז יידישקייט דיר טייער;
ווילסט לעבן אָפן ווי אַ ייד —
און ניט אין פרעמדן שלייער.

דו טאָרסט ניט אַנווערן דעם מוט,
ניט לאַנג וועט עס געווערן;
כ׳דערוואַרט די שעה און די מינוט —
זאָלסט זיך צו אונדז אומקערן.

# ג ע ר ו ס ן

כ׳בין צו אייך פון ווייט געקומען,
מיט די פריינדלעכסטע גערוסן.
כ׳טראָג מיט זיך אַ בינטל בלומען
און אַ באַרג מיט הייסע קושן.

ס׳האָט אַ פויגל מיך געטראָגן
איבער בערג און טיפע ימען —
אייך די בשורה אָנצוזאָגן,
אַז מען ברענגט דאָרט אַלע צאַמען...

שוואַרצע, גרינע, בלויע אויגן,
אָנגעפילט מיט בענקשאַפט־טרערן,
האָבן מיט אַ זיסן אומעט —
מיך באַגלייט צו ווייטע ספערן.

אויסגעטאָן פון אַלע זאָרגן,
אַלע קימערן באַזייטיקט —
קוק איך אויס דעם נייעם מאָרגן,
וואָס אין האַרץ ביי מיר פאַרזייט־איז.

אָט האָט איר דאָס בינטל בלומען
צוגעשיקט פון הענט פון טרייע
מיטן גלויבן שנעל צו קומען —
אינעם פאָטערלאַנד דעם פרייען.

קיין מאָל איז דער מענטש געזעטיקט
פונעם זיסן לעבנס־טראָפּן.
ס'ווערט אים לייכטער אין זיין ווייטיק —
ווען ער קען כאָטש שטרעבן, האָפן.



בערגיקע וואַלקנס אין הימל זיך ציען
אומעטיק, לאַנגזאַם, אָן שיין.
טיף אין די בונקערס יאָמערדיק גליען —
לאָמפּן וואָס דרעמלען ניט איין.

די וועלכע היטן אונדז, אויגן זיי שליסן ניט,
טרוימען פון רואיקע טעג —
ווען פרילינג מיט זונשיין, באַהאָפטן און זינגענדיק
מיט גרינס בעטן אויס אונדז דעם וועג.

פעלדער מיט קאָרן זיך רייפן אין צייטיקייט —
וואַרטן געדולדיק אויף שניט.
אומעטיק שטויביקע, שווערע געבויגענע —
ווערן פון זון אויסגעבריט.

בלאַנדזשען די טעג אַזוי מידע צעשרפעטע,
זוכן די בלוי־ווייטע רו.
די וואָס אויף פעלדער מיט ליבשאַפט געציכט האָבן —
פון פרי ביז דער נאַכטיקער שעה.

היינט שטייען די אַקערער מיט בליקן צעוואָרפענע,
אויף וועגן באַפּלעקטע מיט בלוט.
זיי היטן די היים פון שאָטנס פאַרבאָרגענע —
מיט גבורה און אייזערנעם מוט.

# דער וועלט-אָרקעסטער

עס גרילצן די טענער פון פויקן און באַסן,
לויט נאָטן געשריבן נאָר יענעם צו האַסן.
גרילצן פון שנאה, רכילות און ליגן —
אַזאַ איז די וועלט און אַזאַ — איר ניגון.

טראָמפייטן און דזשאַזן פאַרטויבן דאָס אויער.
פון טומל דער מענטש ווערט אַלץ גרויער און גרויער.
מען ציט פאר די סטרונעס, וואָס העכער צו שפילן —
מיט בייזע כוונות צו טרעפן אין צילן.

דער קוואַרטעט פון גרויסע ער שטעלט אָן די טענער,
און יעדער באַמיט זיך צו שפילן וואָס שענער....
פאַרוואַנדלען סימפאָניעס אין דונערס און בליצן —
מען צווינגט אויף דעם עולם צו זיצן און שוויצן....

די מענטשהייט זי לעכצט גאָר אַן אַנדערן ניגון,
פון אמתן שלום, אָן גרילצן, געשרייען,
מיט פריידיקע קלאַנגען און שטילע געזאַנגען —
דאָס אָרעמע האַרץ פונעם מענטש צו דערפרייען...

# מיין ליד

ס'איז גוט צו זיצן דאָ אַליין,
ווען קיינער שטערט דיר ניט צי דיכטן.
ס'טרעפט — אַ ליד רירט ביז געוויין
פון אַ געדאַנק אַן אומגעריכטן.

שווער צו שפּאַלטן טיפע גרונטן,
לאָז איך פריי די ווערטער שוועבן,
נאָר ס'שלעפן מיר זיך נאָך פון הינטן —
שטיינער שווערע פון מיין לעבן.

ווי אַ בליץ אין נאַכט אַ שוואַרצער —
פלאַצט אַ מאָל אויף אַ געדאַנק.
כ'רייס דעם וויי אַראָפּ פון האַרצן:
פון דער מוזע — אַ געשאַנק.



דורך רעגנס און שטורעם, דורך דונערס און בליצן,
צעבליט האָבן דעמבעס אין אוראַלטן וואַלד;
צעלאָזן די צווייגן, דאָס לאַנד צו באַשיצן
פון ווינטן, וואָס רייסן זיך דורך מיט געוואַלד.

ווען ס׳קומט דער פרימאָרגן און שיקט זיינע שטראַלן,
וואָס טרינקען זיך אָן מיטן טוי פון דער נאַכט;
בויט מען די היים, וואָס געווען איז צעפאַלן —
אַז לייכטן פונסניי זאָל אַמאָליקע פראַכט.

ווי פייגל פאַרבלאָנדזשעט זיי קומען צופליען
צו נעסטן, וואָס האָבן זיי יאָרן געפעלט.
פאַר זיך און פאַר שפּעטערע דורות זיך מיען —
און בויען צוריק אויף געצעלט נאָך געצעלט.

הײנט שמעקט דאָ אַלץ הײמיש װי בײ אַ מאַמען,
װאָס װיגט אירע קינדער אין װאַרעמער שױס.
עס הילכן אָפּ לידער — מען פרײט זיך צוזאַמען —
צו אַ גליקלעכן מאָרגן שפּאַנט מען פאָרױס.

# דער כוח פון ליד

ווען זאָרגן דיך מאַטערן, פּרעסן דעם מוח,
דו פילסט אַז דאָס האַרץ זאָגט: „ניט־גוט!" —
דאָס ליד גיט דיר פרייד, דאָס ליד גיט דיר כוח,
וואָס טרייסט און גיסט אָן דיר מיט מוט.

דאָס ליד העלפט אָפּט זעען דעם ליכטיקן מאָרגן,
באַפרייט דיך פון אומרו און שרעק.
אין ליד זיינען פעדים פון גבורה פאַרבאָרגן,
וואָס טרייבן די צרות אַוועק.

דאָס ליד קאָן אויך היילן, דערציילן און ריידן,
פאַרטראָגן אין הימלען אַריין.
און דאָרט מיט מלאכים דו זיצסט אין גן־עדן
און דורשטיק דו טרינקסט זייער שיין.

און פלוצעם — דו זעסט זיך — דו שווימסט איבער ימען,
ס׳באַגלייט אַ געזאַנג דיך אין וועג —
עס וויגט דיך די שיף, ווי אין שויס פון אַ מאַמען —
דו חלומסט פון גליקלעכע טעג.

אַזוי לויפט די צייט מיטן ווינט שנעל אַריבער —
הונגעריק שלינגסטו דאָס ליד.
ווערסט קיינמאָל ניט זאַט, לייענסט ווידער און ווידער —
די לידער זיי מאַכן ניט מיד.

# מיין קינד

דאָס לאַנד אין בלוט האָט זיך געצוואָגן,
ווען כ׳האָב דיך, קינד, געבוירן,
אויף מיינע דאַרע הענט געטראָגן,
כ׳זאָל דיך נישט פאַרלירן.

מיט מיין ברוסט כ׳האָב דיך פאַרדעקט,
די זון זאָל דיך ניט בראָטן.
אין דורשט האָסטו מיין שווייס געלעקט —
געווען כ׳בין דיר אַ שאָטן.

קוק איך אויף דיר איצט מיט שטאָלץ,
דיין וועג איז שווער נאָר זיכער.
מיט קלאָרן בליק דו היטסט אָפּ אַלץ —
אַנטקעגן יעדן וויכער.

# פרילינג

עס איז דער ווינטער שוין פֿאַרביי,
דער פרילינג — אָנגעקומען ;
די זון צעוואַרעמט האָט דעם מאי —
עס שמעקן גראָזן, בלומען.

דער וואַלד ער גרייט זיך ווי עס פּאַסט —
אויפצונעמען קינדער
ער פֿאַרבעט אייך היינט צו גאַסט —
וואָס איז דאָ דער וואונדער ?

וואַרעם בלאָזט דער ווינט אין וואַלד —
פֿאַרקערט פון זאַמד די וועגן ;
טיר און טויער אויפגעפּראַלט —
גייט ער אונדז אַנטקעגן...

און ער גלעט אייך אַזוי שטיל,
קושט אייך דורך די שטראַלן ;
נעמט אונדז אַלעמען אַרום —
די פרייד זאָל זיין פאַר אַלע.

איז לאָזט אייך קינדער אין אַ טאַנץ
מיט געזאַנג און לידער
ביסט דאָך פרילינג אַזוי שיין —
מיר זיינען דיינע ברידער.

# ליבשאַפט-זריעה

דער הימל גיסט מיט עמערס טרערן,
שווענקט פון וועג אָפּ יעדן פלעק;
בליצט, אַז ליכטיק זאָלן ווערן —
כמורנע, שווערע טעג.

אויך דער דונער לאָזט זיך הערן:
ציטערן זאָלט איר פון שרעק!
אַז קיין שלעכטס זאָל ניט געווערן
אויף דעם מענטשנס וועג.

געבענטשט זאָל זיין די ליבשאַפט־זריעה,
זאָל זי אויפטייען די פרייד
אינעם האַרצן, ווי די קריע —
אין דער פרילינג־זון צעגייט.

# מיין טרוים

פֿאַרפֿלאָכטן איז מיין טרוים אין דיינע בלומען,
וואָס מיט פּראַכט באַצירן דיין געשטאַלט.
מיין בעסטער ווונטש, וואָס שנעלער צו דיר קומען —
מיט דער בענקשאַפֿט וואָס מיין ברוסט באַהאַלט.

כ׳וועל איינפּאַקן מיין זאַק מיט ליבּ און ברכות,
פֿאַרבונדן — מיט אַ זאַפּטיק־זיסן קוש ;
פֿאַר די — וועמען סטייעט ניט קיין כוחות —
און שיקן בלויז אַ האַרציקן גערוס.

פֿאַר די, וואָס האָבן בלוט פֿאַרגאָסן אין די שלאַכטן,
וואָס זייער גבורה באַשיינט דעם שטאַם פֿון ייד ;
פֿאַר די — וואָס זאָרגן וועגן אונדז און טראַכטן,
אַז ברודערשאַפֿט זאָל ווערן פֿעסט פֿאַרקניפּט.

פאַר די — וואָס האָבן אונדזער שטאָלץ דערהויבן,
אין אויגן פון פאַרבלענדטע אויף דער וועלט;
מיט זייער זיג און אייביק טיפן גלויבן —
מיט אַ נייער ליכט זיי האָבן אונדז באַהעלט.

פאַר די — וואָס לאָזן ניט די פאָן פון זייער האַנט,
אין וויסטן ווילד־פאַרקאָכטן דראָענדיקן ים;
פאַר די — וואָס היטן אונדזער טייער הייליק לאַנד —
און לעשן שריפות אָפּ מיט זייער פלאַם.

## אַוועק די צייטן

אַוועק שוין די צייטן פון שפּאָט און פון שאַנד,
פון געוויין און לייטיש געלעכטער.
היינט ביסטו פריי אין אייגענעם לאַנד —
און פון אייגענעם לעבן דער וועכטער.

געדענקסט ווי מ׳האָט דיך גערודפט, געטריבן —
נאָכגעקרומט האָט מען דיין שפּראַך.
דיין יידישן נאָמען אויף גויאיש פאַרשריבן,
פון שמחה — געוואָרן אין סטאַך.

פאַגראָמען דיך האָבן ניט קיינמאָל געמיטן,
האָסט תמיד און אייביק געציטערט.
אייביק דיין האַרץ געווען איז פאַרביטערט
און שטענדיק — און תמיד געליטן.

און שפּעטער עס קומען אָן געטאָס פאַר יידן,
אין שמאַטעס, פאַרהונגערט, אין שרעק.
אָט ווערט מען צוט טויט דורך די נאַציס געטריבן —
דער ייד מיטן רויך גייט אַוועק.

דו בייסט מיט די ציינער די שטעכיקע דראָטן,
ווילסט פריי זיין, אַנטלויפן אין וואַלד.
דו ווערסט מיט אַ האָגל פון קוילן באַשאָטן
דורך חיות אין מענטשן־געשטאַלט.

פון יאַנקלען מען האָט דיך געמאַכט פאַר אַ יאַנעק,
אין משך פון שעהן געשמדט.
דו פּאַשעסט חזירים ביים פויערשן גאַנעק —
אין שרעק פאַר אַ שכנס פאַרראַט.

אַוועק די מלחמה, מען וואָגלט שוין ווידער,
צוריק אויף אַ פרעמדן געלעגער.
אין טייגעס פון רוסלאַנד דו שלעפּסט זיך אַ מידער —
געמאַכט האָט מען דיך פאַר אַ טרעגער.

און אָט איז געקומען די גליקלעכע שעה,
ווי קען מען זיך אַלץ היינט דערמאָנען?
ביי זיך אין דער היים מיר זיינען שוין דאָ —
עס פעלן בלויז יידן מיליאָנען.

# מ י י ן   פ ר י י ד

מיין יוגנט־פרייד, מיין צאַרטע פרייד
פון דער בין־השמשות שעה,
טרינק מיך אָנעט מיט דיין שיין —
מיט דיין שטילער, קילער רו,

אַ פריינדלעך וואָרט, אַ האַרציק וואָרט,
טראָגט אין זיך די זעלבע רו —
די שטילע רו, די קילע רו
פון דער בין־השמשות שעה.

קומט נאָר די געבענטשטע שעה —
שפּאַרט אַ שטילקייט פונעם רוים
און באַגלייט מיך אין מיין טרוים —
אין יענער קילער שעה פון רו...

# זאָל קומען די צייט

ס׳ווילט זיך פרייד אַ ביסל, מונטערע געזאַנגען,
שטורעמדיק געלעכטער און אַ וויציק וואָרט.
ווייל מיין לעבן איז אין פיין פאַרגאַנגען
אונטערן האָגל און דעם יאָך פון זאָרג.

ס׳ווילט זיך לופט, בלומען, פון דער זון גענישן —
קוקן אין דעם הימלס בלויער שיין.
זען ווי מיין ווייַ פאַרגייט, ווערט שנעל צעריסן
און פאַרשווינדט העט־ווייט אין רויך פון פיין.

ס׳ווילט זיך, אַז די צייט זאָל היילן די געפילן,
וועלכע לעבן נאָך אין מיר ווייך און צאַרט,
ווייל די צייט פאַרשווינדט ווי קינדער־שפילן —
אין טיפן גרונט זי ווערט אַריינגעשפּאַרט.

ס'ווילט זיך אָפּט דערמאָנען דאָס וואָס שוין פֿאַרגעסן,
פּרוּוון זאָגן דאָס וואָס ניט דערזאָגט.
ס'מאַטערט מיך די שכחה, וויל אין מיר פֿאַרלעשן —
אַלץ וואָס דער זכרון אין זיך טראָגט.

ס'ווילט זיך אַז איין האַרץ זאָל צום צווייטן ריידן,
זען אין יעדן מענטש אַ טרייען פֿריינד.
אַלץ וואָס געווען דערמאָנען נאָך אין פֿריידן —
אין העלע טעג פֿון גליק און שיין.

# ט ר י י ש אַ פ ט

כ'האָב איינגעפלאַנצט דיין אָנבליק אין זכרון,
וואָס האָט געבליט מיט גלויבן אין געמיט.
דיין מאַמע־טריישאַפט האָט מיין מוט באַשווירן:
ירושלים, שטאָט פון מיין **עתיד.**

די פאָן דיינע געווישט האָט מיינע ווונדן,
ווען ס'האָט דער טויט געיאָגט נאָך מיינע טריט.
עס האָט אַ פונק מיין בענקשאַפט אָנגעצונדן
און כ'האָב געשפּירט ווי ס'ווערט מיין גוף צעגליט.

איך האָב פאַרשלאָסן מיינע מידע אויגן,
פאַרשוווּנדן אין די הימלען ערגעץ ווייט,
און ווי אַרויסגעשאָסן פייל פון בויגן —
אַוועקגעשטעלט זיך האָב איך ביי דיין זייט.

דער הייסער קוש, די פערלדיקע טרערן,
האָט אונדז דערמאָנט ווען מיר'ן זיך צעשיידט.
דער זיג פון פאָלק האָט ניט דערלאָזט צעשטערן
די יונגע היים און מיט איר — די פרייד.

# אַ חלום

כ'האָב די נאַכט געזען אין חלום,
מיין אַלטן טאַטן, עליו השלום.
אָנגעטאָן אין טלית־קטן,
האַלט ער ברויט מיט זאַלץ באַשאָטן.
זיינע שוואַרצע אויגן ברענען,
קוקט זיך אום — וויל וואָס דערקענען,
וואַרפט זיין בליק צום וואַנט אַריבער
אויפן בילד אַנטקעגן־איבער,
אַ זכר בלויז פון דער משפחה
וואָס פאַרבליבן, זכרונם לברכה.

כ'בין פאַרגליווערט שטיינגעבליבן,
ווי דאָס בילד אַנטקעגן־איבער:
— ווער האָט דיך אַהער געבראַכט
אין דער פינצטערניש פון נאַכט?

ענטפערט מיר דער טאַטע שטיל:

— ס'האָט פאַרטראָגן מיך דער ווינט,
פון יענער־וועלט צו דיר, מיין קינד,
אַלס שליח פון געפּלאָגטע,
אויסגעמאָרדעטע, געיאָגטע,
כ'בין געקומען אייך צו בענטשן,
ברענגען אונדזער הייסע ברכה:
וועלכע האָבן ניט דערלעבט
זען די ווייס־בלוי פאָן וואָס שוועבט
אויפן שפּיץ פון הר־ציון
אין בית־לחם און אין חברון.

ירושלימס אַלטע־שטאָט,
וואָס געגעבן האָט אונדז גאָט.
שיקן מיר אייך אונדזער ברכה,

האָבן זאָלט איר פיל הצלחה,
מערן זיך און לעבן שיין
ונאמר אמן.

כ׳וויל אים דאַנקען, עפּעס זאָגן,
נאָר דער ווינט האָט אים פאַרטראָגן,
ערגעץ העט אין ווייטן הימל.

איך כאַפּ זיך אויף פון טיפן דרימל —
ביי דעם בעט עס שטייט מיין זון,
ערשט געקומען פון לטרון,
מיט אַ מידן פריילעך פנים —
פונעם זיג איבער די שונאים.
און עס נעמט אַ פרייד אונדז ביידן
— ס׳איז דער זכות פון ליבן זיידן,
צו־גאַסט איז ער געווען ביינאַכט —
צום נצחון אַ ווונטש געבראַכט.

# צו מיין זון
# אין דער זעקס-טאָגיקער מלחמה

דו גייסט אַוועק אין שווערן וועג,
דיין קוש דו לאָזט מיר איבער ;
איך ווינטש דיר גליק, ברענג מיט דעם זיג,
דו ביסט ביי מיר אַ גיבור.

בלויז דו אַליין קענסט מיך פאַרשטיין
ווי שווער ס'איז די צעשיידונג ;
ניטאָ קיין ניין, דיין חוב איז גיין —
דאָס לאַנד געהערט אונדז ביידן.

איך קוק אין דיר און דו — אין מיר,
עס ריידן נאָר די אויגן ;
ווי שטאָלץ דו ביסט ! זאָלסט זיין באַגריסט ! —
אַזאַ כ'האָב דיך דערצויגן.

שוין ס׳עלפטע יאָר, סע פעלט קיין האָר —
די דרייסטקייט פונעם טאַטן;
געגאַנגען פריי, באַפרייט סיני —
ווי מיר — ס׳זאָל דיר ניט שאַטן.

ווען איך בין יונג און האָב נאָך שווּנג —
איך וואָלט אויך מיטגעגאַנגען;
מיט פעסטע טריט, ווי כ׳בין אַ ייד! —
דעם קלאַפּ זיי צו דערלאַנגען.

טאָ שרייב מיין קינד אַ בריוועלע —
ניט ערגער טאַטע־מאַמען;
ווען דו קריגסט פריי, כאַפּ זיך אַ היים —
אַ שעה כאָטש זיין צוזאַמען!

ער קערט זיך אום, נעמט מיך אַרום
און קושט אויס מיינע גלידער
— האָב טאַטע מוט, עס וועט זיין גוט —
מיר וועלן זען זיך ווידער...

# מיטן בילד פון מיין מאַמען

עס האָט מיך דיין הייליקער שאָטן
באַגלייט אין דעם הייסן געפעכט.
דער פיינט האָט מיט פייער געאָטעמט —
אָן אויפהער דורך טעג און דורך נעכט.

צעשרפעט, פון טויט אַ באַדראָטער —
אין שעהען פון צאָרניקן בראַנד.
געבראָכן כ'האָב שטעכיקע דראָטן —
דיין בילד ניט געלאָזט פון דער האַנט.

ווען טויט האָט געפלייצט — אַ געוויטער —
אויף וועגן — מדבדיק פוסט,
דאָס בילד דיינס, מיין איידעלע מוטער,
פאַרשטעקט האָב איך טיף אין מיין ברוסט.

דו האָסט דערפילט דיין ערן־חוב,
ווי איך האָב דיר געראַטן.
און אַזוי־אַרום פאַרשווינט —
דעם כבוד אויך פון טאַטן.

# י ר ו ש ל י ם

ניטאָ דער כוח אויף דער וועלט,
וואָס קען אונדז מיט דיר שיידן;
צוויי טויזנט יאָר האָסט אונדז געפעלט —
צוויי טויזנט יאָר פוןליידן.

דער טיפער גלויבן, די טרערן פיל,
די בענקשאַפט צו דער מאַמען;
געוועזן דער וועג איז צו דעם ציל —
דורכגעברענט אין פלאַמען.

דאָס פאָלק גיט דיר מיט ליבשאַפט אָפּ
דעם כבוד פון אַ מאַמען;
דו ביזט ביי ביי אונדז דאָס אויג אין קאָפּ —
מיר בלייבן שוין צוזאַמען.

# ביים קבר פון זון

דו האָסט זיך אינעם בלי פון לעבן
פאַרוואַנדלט אין אַ שווערן שטיין.
מיין האַרץ אין דעם אַריינגעגעבן —
דעם זיג געברענגט מיט דיין געביין.

דיין גורל האָסט דעם לאַנד פאַרטרויט —
געגלויבט אין דעם נצחון.
און ס'האָט דער טויט, אוי, דיין טויט ! —
דאָס האַרץ מיר דורכגעשטאָכן.

מיין דמיון האָט מיך אָפגענאַרט —
געהאָפט אַז דו וועסט קומען.
דער טויט האָט דיך פון מיר פאַרשלעפּט —
אויף אייביק צוגענומען.

אין שעהען פון שווערסטן נסיון,
ווען טויט האָט געבריט מיר די טריט.
דיין בילד כ'האָב געהיט אין זכרון —
דאָס ליכט פון דיין הייליק געזיכט.

# אַן ווערטער

אַ טרויעריקער בליץ אין מיין מוח
דאָס האַרץ מיר באַשווערט און באַטריבט:
וואָלסטו כאָטש געפינען דעם כוח —
אַ רעד טאָן אָן ווערטער אַ ליד?...

איך טראָג זיך אַרום מיט יסורים
און פול ביזן ברעג כ'בין מיט זיי.
וואָלט איך כאָטש געקאָנט ווי דער שטורעם —
אויסשרייען אָן ווערטער מיין וויי!...

# אינהאַלט